וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון אוסרר

מ. בערעגאָווסקי

# ייִדישע אינסטרומענטאַלע פאָלקס־מוזיק



פאַרלאַג פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון אוסרר
קיִעוו • 1937

ס נ ש א פ ט ־ א ק א ד ע מ י ע פ ו נ א ו ס ר ר
קאבינעט פאר דערלערנענ די יידישע סאָוועטישע ליטעראטור,
שפראכ אונ פאָלקלאָר
פ אָ ל ק ל אָ ר ־ ס ע ק צ י ע

מ. בערעגאָווסקי

# יידישע אינסטרומענטאלע פאָלקס־מוזיק

פארלאג פונ דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ אוסרר
קיעוו • 1937

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער י. פ. ל וו אָ וו. טעכנ.
רעדאקטער — ש. ל י פ אָ וו. קאָרעקטער — ש. ל י פ אָ וו.
פאפיר 92 × 60 — 1/16 — 36 קג. 1 דרוק־בויגנ. אינ
1 פאפיר־בויגנ 96 000 צייכנס. טיראזש 1000 עקז. פארלאג
נומ. 81. דרוקעריי פונ דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ
אוסרר — קיעוו, ארטיאָמ 44. באשט. 695. באפולמ.
פונ גענגעליט 3534. אָפגעגעבנ אינ זאצ 37 — 16/IV.
אונטערגעשריבנ צומ דרוק 37 — 15/VIII.

דערלויבט ארויסצולאָזנ פונ דרוק דורכ דער
וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ אוסרר. באשטענדיקער
סעקרעטאר פונ וויסנשאפט־אקאדעמיע אוסרר —
אָ. וו. פ א ל א ד י נ.

# ייִדישע אינסטרומענטאַלע פאָלקס־מוזיק

(פּראָגראַם צו פאָרשן די מוזיקאַלישע טעטיקייט פון די ייִדישע קלעזמער)

## אַרייַנפיר

אפּן געביט פונעם ייִדישן פאָלקס־ליד איז באַ אונדז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד עפּעס וואָס שוין אָפּגעטאָן. די פאָלקלאָר־סעקציע פונעם קאַבינעט פאַר ייִדישער ליטעראַטור, שפּראַך און פאָלקלאָר באַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון אוו. ס. ס. ר. פאַרמאָגט איצט אַ גאַנץ היפּשן אַרכיוו, וואָס באַשטייט פון עטלעכע טויזנט פאָלקלאָר־שטיק (לידער, מייַסעס, שפּריכווערטער, רעדנס־אַרטן א. ד. גל.). די פאָנאָטעקע (פאָנאָגראַמעס־אַרכיוו) פון דער פאָלקלאָר־סעקציע באַשטייט איצט (צום 1־טן יאַנוואַר 1937 יאָר) פון 980 פאָנאָגראַף־וואַלצן, אויף וועלכע עס זייַנען אויפגענומען (אָנגעזונגען און אָנגעשפּילט) העכער צוויי אַ האַלבע טויזנט מוזיקאַלישע פאָלקלאָר־שטיק (לידער, ניגונים, אינסטרומענטאַלע ווערק א. ד. גל.).

אַסאַך פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן זייַנען שוין באַאַרבעט געוואָרן און טיילווייַז פאַרעפנטלעכט [1]). די באַאַרבעטונג פון די מאַטעריאַלן און אויך די ווייַטערדיקע זאַמל־אַרבעט ווערט איצט פאָרגעזעצט.

עס איז אָבער פאַראַן איין געביט אין דער ייִדישער פאָלקס־קונסט, צו וועלכן ס'האָבן זיך ביז איצט קימאַט ווי אפילו ניט צוגערירט ניט דער פאָרשער און ניט דער זאַמלער. דאָס איז די ייִדישע אינסטרומענטאַלע (קלעזמערישע) פאָלקס־מוזיק.

פון די הונדערטער מוזיקאַלישע שטיק, וואָס די ייִדישע קלעזמער פלעגן שפּילן, איז ביז איצט פאַרעפנטלעכט בלויז געציילטע איינציקע נומערן. הייַנט, צי ווייסן מיר, אַשטייגער, ווי אַזוי פלעג זיך געווייִנלעך אויסבילדן דער קלעזמער, וווּ און ווי אַזוי ער האָט זיך געלערנט שפּילן, ווי אַזוי פלעג ער פאַרשאַפן פאַר זיך דעם נייטיקן רעפּערטואַר א. אז. וו.? — קימאַט ווי גאָרניט!

---

[1]) די מאַטעריאַלן פון אונדזער אַרכיוו זייַנען פאַרעפנטלעכט אין פאָלגנדיקע זאַמלונגען:

א) מ. בערעגאָווסקי — ייִדישער מוזיק־פאָלקלאָר, ב. 1, מעלוכישער מוזיק־פאַרלאַג, מאָסקווע 1934 (ייִדישע און רוסישע אויסגאַבעס).

ב) מ. בערעגאָווסקי — ייִדישער מוזיק־פאָלקלאָר, ב. 2, דערשייַנט אינגיכן אין דעם זעלבן פאַרלאַג.

א ציקל ייִדישע פאָלקלאָר־לידער פונעם סאָוועטישן פעריאָד דרוקט זיך אין דעם באַנד "Творчество народов". פון דער סעריע "Две пятилетки", פאַרלאַג "פּראַוודאַ", מאָסקווע.

אויב מיר ווייסן זייער ווייניק וועגן דעם דורכשניטלעכן קלעזמער, זיינען עפשער אופגעזאמלט יעדיעס וועגן די באגאבטערע, די טאלאנטפולערע צווישן די קלעזמער ? — אויך קימאט ווי גאָרניט !

צי קאָן מען עפשער זאָגן, אז די קלעזמערישע מוזיק איז ניט אופגעזאמלט דערפאר, ווייל זי איז אפ אזויפיל מינדערווערטיק, אז עס לוינט ניט צו פארנעמען זיך מיט זאמלען און שטודירן זי ? אז די קלעזמערישע מאסע איז געווען אפ אזויפיל גרוי און טאלאנטלאָז, אזוי קינסטלעריש אָרעם און ווייניק אינטערעסאנט, אז מיר וועלן דאָ קיין איין באגאבטע פערזענלעכקייט ניט געפינען ?

— ניין ! שוין אפילע די אויבנופיקסטע באקאנטשאפט מיט דער קלעזמערישער קונסט און מיט די צענדליקער טאלאנטירטסטע קינסטלער, וואָס די קלעזמער־מאסע האָט פון זיך ארויסגעגעבן, איבערצייגט אונדז, אז מיט אָט־אָ דעם פארזעענעם און פארלאָזטן געביט איז קעדיי זיך צו פארנעמען.

דער מוזיק־פאָרשער און אויך דער מוזיק־היסטאָריקער האָבן אסאך וואָס צו טאָן ארום דער קלעזמערישער קונסט און ארום די באגאבטע פאָלקס־קינסטלער, ארום די דאָזיקע טאלאנטירטע פאָלקס־מוזיקער, וואָס זיינען ארויסגעוואקסן פון דער קלעזמער־מאסע. אסאך פראָבלעמעס וויכטיקע פאר דער געשיכטע פון דעם יידישן מוזיק־וועזן קאָנען דאָ געשטעלט און באארבעט ווערן.

די קלעזמערישע מוזיק א ז פריער קימאט אויסשליסלעך געשפילט געווען אפ כאסענעס. מע דארף אָבער ניט מיינען, אז די דאָזיקע מוזיק האָט פאר אונדז בלויז א קולטור־היסטאָרישן ווערט. די בעסטע קלעזמערישע שטיק וועלן גערן אופגענומען ווערן אין דעם סאָוועטישן מוזיק־רעפערטואר (באזונדערס די יידישע פאָלקס־טענץ). אויך דער סאָוועטישער קאָמפאָזיטער האָט וואָס צו נעמען פון דער קלעזמערישער מוזיק.

דער ציל פון דער דאָזיקער ארבעט איז צוציען די אופמערקזאמקייט פונעם סאָוועטישן מוזיקער, באזונדערס פון די יידישע סאָוועטישע קאָמפאָזיטערס און פון די ליבהאָבער פון דער פאָלקס־קונסט צו דער קלעזמערישער מוזיק. צוערשט איז נויטיק דורכצופירן א גרעסערע זאמל־ארבעט פון די מוזיקאלישע ווערק פונעם קלעזמערישן רעפערטואר, עס איז אויך נויטיק אופזאמלען די געהעריקע יעדיעס וועגן די מוזיקאלישע ווערק און וועגן די קלעזמער. דורך דעם וועלן מיר קאָנען ארויסהייבן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון דער קלעזמערישער מוזיק, איבערנעמען און אריינגיסן עס אין אונדזער נייער סאָוועטישער פאָלקס־קונסט.

---

פון די פאראנענע מאטעריאלן ווייסן מיר, אז די קלעזמער טרעפן מיר אין דעם יידישן שטייגער שוין מיט אסאך יאָרהונדערטער צוריק. קימאט אין אלע שטעט מיט א באדייטנדיקער יידישער באפעלקערונג טרעפן מיר פון לאנגאָן יידישע קלעזמערישע קאָמפאניעס. זיך פאָרשטעלן א כאסענע אָן קלעזמער איז לאכלוטן אומעגלעך, און דאָס איז כאראקטעריסטיש ניט בלויז פארן 19 יאָרהונדערט, נאָר שוין פאר אסאך יאָרהונדערטער פריער. אזוי, אשטייגער,

איז דורכויס באַוווּסט, ווען עס פֿלעג טרעפֿן אין די ייִדישע קעהילעס אין דײַטשלאַנד (15־טער יאָרהונדערט), אַז צוליב געווּיסע סיבעס איז פֿאַרבאָטן געווען אַפֿ אַ צײַט צו מוזיצירן (צוליב טרויער אין די פֿירשטלעכע פֿאַמיליעס א. ד. גל.), פֿלעג מען אין אַזוינע פֿאַלן באַדײַ אַרויספֿירן די כאַסענע אויסער די גרענעצן פֿון די דאָזיקע געגנטן, קעדײַ צו האָבן די מעגלעכקײַט דורכפֿירן די כאַסענע מיט מוזיק [1]). קלעזמער באַגעגענען מיר אויך אַפֿ אַנדערע פֿאַמיליען־סימכעס און געזעלשאַפֿטלעכע פֿײַערונגען [2]).



שלוס־סצענע פֿון אַן אַכאַשווייִרעש־שפּיל (17־טער יאָרה.)

וועגן די עלטערע ייִדישע קלעזמער און קלעזמערישע קאַפּעלעס אין די לענדער פֿון מײַרעוו־אייראָפּע איז שוין הײַנט צו טאָג אָנגעזאַמלט אַ געווּיסער מאַטעריאַל [3]). דער דאָזיקער מאַטעריאַל באַלויכט אָבער אין אַ געווּיסער מאָס בלויז דעם קלעזמערישן לעבן־שטייגער, זייער מאַטעריעלע און סאָציאַלע לאַגע און אַמאָל אויך דעם צוזאַמענשטעל פֿון די ייִדישע קלעזמערישע קאָמפּאַניעס.

---

[1]) גידעמאַנ, מ. — ייִדישע קולטור־געשיכטע אין מיטלאַלטער. ייִדיש — נ. שטיפֿ, בערלין, 1922, ז. 89.

[2]) דר. רודאָלף גלאַנץ — אַ באַריכט פֿון אַ בענ־דאָר וועגן דער פֿײַערלעכער פּראָצעסיע פֿון די פּראָגער ייִדן. אַרכיוו פֿאַר געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער און דראַמע. ווילנע־ניו־יאָרק, 1930, ז. 80 און ווײַטער.

[3]) L. Wolf—Fahrende Leute bei den Juden. Mitt. zur jüd. Volkskunde 1908—1909; P. Nettl—Alte jüdische Spielleute und Musiker. Prag, 1923. דער זעלבער Die Prager Judenspielleutezunft אין זײַן בוך „Beiträge zür böhmischen und mährischen Musikgeschichte. Brünn, 1927.

זע אויך די ביבליאָגראַפֿיע וועגן די ייִדישע קלעזמער אין טשעכיע, וואָס איז אָנגעגעבן אין ד״ר י. שאַצקיס רעצענזיע אַפֿ פּ. נעטל׳ס אַרבעטן. אַרכיוו פֿאַר דער געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער און דראַמע. ערשטער באַנד. ווילנע — ניו־יאָרק, 1930, ז. 742.

מיר ווייסן אָבער גאָרניט וועגן דער מוזיק, וואָס די קלעזמער פֿלעגן שפּילן. שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז ביז איצט זײַנען ניט באַוווּסט קיינע געדרוקטע אָדער האַנטגעשריבענע מוזיקאַלישע ווערק פֿון די עלטערע קלעזמער. דאָס הייסט, אַז דאָס וויכטיקסטע פֿעלט אונדז לעת־עתּה אינגאַנצן אויס.

ס'איז אָבער קיין ספֿק ניט, אַז אַסאַך שפּורן פֿונעם עלטערן קלעזמערישן רעפּערטואַר זײַנען פֿאַרבליבן אויך אינעם 19־טן יאָרהונדערט. ליידער, מוזן מיר קאָנסטאַטירן, אַז ביז איצט איז די קלעזמערישע מוזיק אין אַלע לענדער, ווו ייִדן ווינען און ווו קלעזמער זײַנען אינעם 19־טן י. ה. געווען אין אַ גרויסער צאָל און זײַנען פֿאַראַן אויך איצט — אינערגעץ איז ניט אויפֿגעזאַמלט און ניט פֿאַרשריבן געוואָרן די דאָזיקע מוזיק (יעדנפֿאַלס איז ביז איצט אַזוינס ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן און אונדז איז ניט באַוווּסט, אַז עמעצער זאָל זיך אינטערעסירן און זאַמלען די ווערק און די ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן קלעזמער).

צי איז נאָך מעגלעך איצט פֿאַרפֿילן דעם דאָזיקן בלויז? זיכער! אויפֿשטעלן אין אַ גרויסער מאָס דעם רעפּערטואַר פֿון די קלעזמער פֿון דער 2־טער העלפֿט 19־טן י. ה. איז נאָך אַפֿילו איצט פֿאַרהעלטנסמעסיק ניט זייער שווער. קלעזמער אין עלטער פֿון 50—60 יאָר (און ניט זעלטן פֿון 70—80 יאָר) קען מען קימאַט אומעטום אויסגעפֿינען אין אַ היפּשער צאָל. די דאָזיקע קלעזמער געדענקען אַסאַך מוזיקאַלישע שטיק — טענץ, מוזיקאַלישע ווערק, וואָס מע פֿלעג שפּילן צום טיש, גאַס־ניגונים (פֿירן צו דער חופּה, אָפּפֿירן די מחותּנים א. ד. גל.), — וואָס זיי האָבן איבערגענומען פֿון טאַטעס, זיידעס און אַנדערע עלטערע קלעזמער. אַמאָל טרעפֿן מיר בײַ די עלטערע קלעזמער (און אָפּטמאָל אויך בײַ די ליבהאָבער־מוזיקער) האַנט־געשריבענע נאָטן, וואָס זײַנען זיי פֿאַרבליבן בירושה פֿונעם טאַטן און זיידן. די דאָזיקע זאַמלונגען קאָנען אונדז געבן אַ מערער אָדער ווייניקער פֿול בילד פֿון דעם קלעזמערישן רעפּערטואַר, אָנהייבנדיק פֿון דער צווייטער העלפֿט 19־טן י. ה. אָן. פֿון אַזעלכע באַזונדערע זאַמלונגען איז אָבער ניט מעגלעך אויסצושיילן יענע שפּורן, וואָס זײַנען געבליבן אינעם קלעזמערישן רעפּערטואַר פֿון די פֿריערדיקע צײַטן. דאָס וועט אַסאַך גרינגער זײַן צו טאָן דעמלט, ווען מיר וועלן האָבן פֿאַר זיך אַ גרעסערן מוזיקאַלישן מאַטעריאַל, וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן אין אַ גאַנצער ריי לענדער און געגנטן (סאָוועט־פֿאַרבאַנד — אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד, מאָלדאַוויע, ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, אין אויסלאַנד — ליטע, פּוילן, גאַליציע, רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיע, אַמעריקע א. אַ. וו.). דער דאָזיקער מאַטעריאַל וועט אונדז, ערשטנס, געבן אַ פֿול און רײַך בילד פֿון דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער פֿאָלקס־מוזיק פֿון דער צווייטער העלפֿט 19־טן י. ה. און צווייטנס, וועט עפּשער טאַקע מעגלעך זײַן אויפֿצודעקן די שפּורן פֿון דעם עלטערן קלעזמערישן רעפּערטואַר, וואָס האָבן געקאָנט, זאָל זײַן אַפֿילו אין אַ געענדערטער פֿאָרם און מיט אַסאַך אָרטיקע אָנשיכטונגען, פֿאַרבלײַבן ביז צו אונדזער צײַט.

איך וויל דאָ באַטאָנען, אַז אַ גרינדלעכער שטודיום פֿון דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער פֿאָלקס־מוזיק וועט מעגלעך זײַן ערשט דעמלט, ווען מיר וועלן האָבן די געהעריקע מאַטעריאַלן פֿון אַ גאַנצער ריי לענדער און געגנטן.

שטעלנ אונ באארבעטנ געוויסע פראָבלעמעס בלויז אפ אָרטיקנ מאטעריאל, דאנ ווענ וועגנ די מאטעריאלנ פונ די איבעריקע געגנטנ אונ לענדער איז אונדז אינגאנצנ ניט באוווסט, אזא שטודיום קאָנ זײַנ בלויז א פּאָרלויפיקער אונ איז ניט גענוג פרוכטבאר. אָפּטמאָל וועלנ מיר האָבנ פאר זיכ דערשײַנונ־גענ, וואָס זייערע היסטאָרישע וואָרצלענ זײַנענ פאר אונדז ניט קלאָר, אָדער אינגאנצנ פארבאָרגנ, אונ דער אָרטיקער מאטעריאל וועט אונדז דאָ וויניק וואָס ארויסהעלפנ אפ אויסצוקלאָרנ די דאָזיקע דערשײַנונגענ.



ייִדישע קלעזמער פונ פראנקפורט אמ מײַנ (קופערשטיכ פונ 1717 יאָר).

אָט האָבנ מיר פאר זיכ א פּאָר בײַשפּילנ, וויאַזוי שווער ס'איז אפ אזא באגרענעצטנ מאטעריאל אופדעקנ די היסטאָרישע וואָרצלענ פונ באזונדערע דערשײַנונגענ אינ דער קלעזמערישער מוזיק. זאמלענדיק מאטעריאלנ אונ יעדיעס וועגנ ייִדישע פאָלקסטענצ [1]) אונ באזונדערס וועגנ די פארשפּרייטסטע בא אונדז „פריילעכס״ אונ „שער״, האָבנ מיר זיכ אָנגעשטויסנ אפ דעמ פאקט, אז דער טאנצ „שער״ ווערט קיינ איינציק מאָל ניט דערמאָנט אינ דער ייִדי־שער ליטעראטור, סײַ אינ דער שיינער ליטעראטור אונ סײַ אינ דער מעמור־ארנ־ליטעראטור. מיר האָבנ פארנאָטירט א גאנצע ריי באשרײַבונגענ פונ ייִדישע כאסענעס (אונ צווישנ זיי איניקע זייער גענויע מיט אסאכ פּראָטימ ווי, אשטייגער, די באשרײַבונג פונ דער כאסענע אינ עטינגערס ליד „די ליכט־א. אז. וו.). אינ די אלע באשרײַבונגענ ווערנ אָנגערופנ פארשיידענע טענצ, אָבער די „שער״ ווערט דאָ קיינ איינ מאָל ניט דערמאנט.

[1]) אינ דער ערשטער ריי האָבנ מיר דאָ אינ זינענ געהאט די מוזיק פונ די פאָלקס־טענצ. די פּראקטיק האָט אונדז אָבער באוויזנ, אז מיר קאָנענ ניט איגנאָרירנ אויכ דעמ אויפנ, וויאַזוי די דאָזיקע טענצ ווערנ אויסגעפירט. אליינ די מוזיקאלישע פאָרמ קאָנ ניט אלעמאָל אופווײַזנ דעמ אונטערשייד צווישנ פארשיידענע טענצ.

עס איז צו באמערקנ, אז די גרעסטע טייל באשרייַבונגענ פונ כאסענעס באציִענ זיכ צומ 19־טנ י. ה. ווי באוויסט, האָבנ ביזנ סאָפ 19־טנ י. ה. קיינ מענער ניט געטאנצט צוזאמענ מיט פרויענ קיינ פיגורנ־טענצ. שערנ (אונ אנ־דערע פיגורנ־טענצ) האָבנ דעמלט געטאנצט פרויענ (אָדער מיידלעכ) אליינ. אינ די אלע באשרייַבונגענ פונ כאסענעס ווערנ ביכלאל ניט דערמאָנט קיינ באזונדערע פרויענ־טענצ אונ מעמיילע ווערט דאָרט ניט דערמאָנט אויכ די „שער“. עס זייַנענ פאראנ ידיִעס, אז אינ די פריִערדיקע יאָרהונדערטער (אינעמ 16־טנ י. ה.) האָבנ פרויענ יאָ געטאנצט צוזאמענ מיט מענער פיגורנ־טענצ. עס איז אָבער ניט אָנגעוויזנ וואָסערע טענצ פלעג מענ דעמלט טאנצנ [1]).

אינ 5. לעוואנדאס ארטיקל — „Старинные еврейские свадебные обычаи“ Пережитое III, גיט דער אווטער אָנ די טענצ, וואָס מיידלעכ פלעגנ טאנצנ בא דער קאלע אפנ פאָרשפּיל. ס׳ווערנ אָנגערופנ אזעלכע טענצ: פאָלקע, וואלס, מאזורקע, קאדריל אונ לאנסיע. די שער ווערט דאָ ניט דערמאנט. איכ רעכנ, אז דאָס איז אזוי פאָרגעקומענ דערפאר, ווייַל לעוואנדא האָט דעמ ארטיקל געשריבנ אינ רוסיש אונ האָט דאָ ניט געשטרעבט צו פארפיקסירנ אלע טענצ, וואָס מע פלעג טאנצנ אפ דער כאסענע. ער האָט בלויז אָנגערופנ יענע טענצ, וואָס האָבנ אלגעמיינ־באקאנטע נעמענ [2]). די גרעסטע טייל טענצ, וואָס לעוואנדא האָט דאָ אָנגערופנ זייַנענ אָבער פארשפרייט געווענ צווישנ די פאָלקס־מאסנ ערשט אינ דער צווייטער העלפט 19־טנ י. ה. ווי באוויסט, איז די פאָלקע אנטשטאנענ ערשט ארומ 1830 (אינ טשעכיע), דער קאדריל — אינ אָנהייב 19־טנ י. ה. (פאריזש) אונ דער לאנסיע איז צומ ערשטנ מאָל אויסגעפירט געוואָרנ אינ בערלינער באלעט ערשט אינעמ 1857 יאָר. ווענ „אלטע יידישע־כאסענע־מינהאָגימ“ (ווי דער טיטל פונ לעוואנדאס ארטיקל זאָגט אונדז) קאָנ בענעגייע צו טענצ דאָ קיינ רייד ניט זייַנ.

אויכ אינ די פאָלקס־לידער ווערט דער טאנצ „שער“ זייער זעלטנ דער־מאָנט (געציילטע עטלעכע מאָל). די דאָזיקע פאָלקס־לידער באציִענ זיכ אלע צו אוקראַיִנע [3]).

צי איז עפשער די „שער“ באקאנט געווענ בלויז בא די יידנ אינ אוקראַי־נע? זיכער ניט. כאָטש אינ דער ליטעראטור האָבנ מיר וועגנ דעמ קיינע ידיִעס ניט, אָבער לויט די מיטיילונגענ, וואָס מיר האָבנ באקומענ פונ א גאנצער ריי פערזאָנענ, ווייסנ מיר, אז די „שער“ איז געווענ פארשפרייט אינ ווייַסרוסלאנד, אינ ליטע אונ אינ פוילנ. אָבער ווענ אפילע אינ אנדערע געגנטנ אָדער לענדער וואָלטנ מיר דעמ דאָזיקנ טאנצ אינ דער לעצטער צייַט (זאָל זייַנ אפילע אינ דער צווייטער העלפט 19־טנ י. ה.) ניט באגעגנט, איז דאָס נאָכ אויכ קיינ באווייַז ניט, אז ער איז פריִער ניט געווענ דאָרט באקאנט. פונ דעמ אוקראַיִנישנ טאנצ־רעפערטואר האָבנ די יידנ ניט געקאָנט איבערנעמענ די שער — אינ אוקראַיִניש (אונ ביכלאל בא די סלאווישע פעלקער) איז אזא

---

[1]) История евреев в России, т. I, изд. „Мир“, стр. 346—347.

[2]) ס׳איז כאראקטעריסטיש, אז אינ דעמ ארטיקל ווערט ניט דערמאָנט אויכ דער פריילעכס.

[3]) זע קאָהאנ, ב. 1 ז. 18 (טשעמיראָוויצ, פאָדאָליע); קאהאנ, ב. 2 ז. 47, נומ. 31 (אומאנ); אונדזער זאמלונג „יידישער מוזיק־פאָלקלאָר“ ב. 2 (קאליגינדאָרפער ראיאָנ — כערסאָנשטשינע).

טאנצ ניט פאראנ. אונ אינ די פאלנ, ווענ אוקראַינער האָבנ יאָ געטאַנצט שערנ, האָבנ זיי זי איבערגענומענ מאקע פונ די ייִדנ [1]).

אינ פר. בעהמעס בוכ „Geschichte des Tanzes in Deutschland“ (לייפציג 1886), טרעפנ מיר א טאנצ אונטער דעמ נאָמענ „Der Scharer oder Schartanz“ (ב. 1, ז. 56). אויכ אינ ג. שיונעמאנס בוכ „Das Lied der deutschen Kolonisten in Russland“ (דרײַ־מאסקנ־פארלאג, מיונכענ, 1923) געפינענ מיר אנ אונטער־קעפל צומ ליד נומ. 158 „Scher-Lied oder Tanz“ (ז. 275). דאָס זעלבע האָבנ מיר באמ ליד אונטער דעמ נומער 339. אינ דער באמערקונג צומ נומ. 339 שרײַבט שיונעמאנ: „דאָס איז א באליבט טאנצ־ליד, וואָס באשטייט צומ אָנהייב פונ אומפארשטענדלעכער וואָרט־בילדונג, ווי מיר האָבנ דאָס אינ קינ־דער־ אונ צייל־לידער“ (ז. 413).

דאָס איז לעסאטע אלצ, וואָס מיר האָבנ געקאָנט געפינענ אינעמ דײַטשישנ טאנצ־רעפערטואר אונ וואָס פארמאָגט כאָטש עפּעס וואָס געמיינזאמס מיט אונדזער שער. זייער פאָרזיכטיק קאָנענ מיר דאָ צוציִענ די מוזיק פונ די דאָזיקע טענצ צומ פארגלײַכנ מיט דער שער. די מעלאָדיע פונעמ „שארער“, וואָס איז געבראַכט בא בעהמע, באציט זיכ צו 1562 יאָר. די „שער־לידער“ האָט שיונעמאנ פארשריבנ אינ דער צײַט פונ דער אימפעריאַליסטישער מיל־כאָמע. לויטנ געבוי פונ די מעלאָדיעס איז „דער שארער“ אונ די „שער־לי־דער“ לאכלוטנ פארשיידנ. „דער שארער“ איז אינ 2/4־קער מאָס (₵) אונ באשטייט פונ עטלעכע פאלנ. בא שיונעמאנענ זײַנענביידע לידער אינ 3/8 טאקט, די מעלאָדיע באשטייט פונ איינ פאל (פיר מוזיקאלישע פראזעס, אנטשפרעכנדיק צו דער פירשורעדיקער סטראָפע פונעמ וואָרט־טעקסט).

די ייִדישע שערנ, וואָס זײַנענ אונדז באקאנט, זײַנענ פארשריבנ אינ די לעצטע יאָרנ. אסאכ פונ די דאָזיקע שערנ זײַנענ פונ דעמ קלעזמער־רעפער־טואר פונ דער צווייטער העלפט 19־טנ י. ה.

געמיינזאמע שטריכנ האָבנ די מעלאָדיעס פונ די ייִדישע שערנ גראָד מיט דעמ עלטערנ דײַטשישנ „שארער“ אונ ניט מיט די „שער־לידער“. די ייִדישע שער איז אלעמאָל אינ 2/4־דיקער מאָס, באשטייט פונ עטלעכע פאלנ (אמיינסטנ פונ צוויי, זעלטענער פונ דרײַ פאלנ).

ווידעראמאָל מוזנ מיר אָבער באטאָנענ, אז רעדנדיק וועגנ דער ייִדישער שער האָב איכ לעסאטע פאר זיכ בלויז אזעלכע מוסטערנ, וואָס מיר האָבנ פארשריבנ אונ אופגעזאמלט אינ אוקראַינע. צי זײַנענ די שערנ ענלעכ — סײַ לויט דער מוזיק אונ סײַ אינעמ טאנצנ אינ אוקראַינע אונ אינ פוילנ, אשטייגער, אָדער אינ גאליציע, רומעניע, טשעכאָסלאָוואקיע א. אז. וו., צי זײַנענ ניט פאראנ קיינ וויכטיקע ווארייִרונגענ אונ ענדערונגענ אינ דעמ ארט טאנצנ אָדער אפילע אינ דעמ מוזיקאלישנ סטיל [2]) אינ פארשיידענע געגנטנ אונ

[1]) זע וועגנ דעמ מײַנ ארבעט: Взаємні впливи в євр. і укр. музичному фольклорі אינעמ זשורנאל „Радянська музика“, נומ. 5, ז. 47. קיעוו, 1936.

[2]) דאָ האָב איכ אינ זינענ ניט קיינ מעלאָדישע וואריאנטנ פונ דער אָדער יענער שער, נאָר מאקע דעמ אייגנטלעכנ סטיל פונ די מעלאָדיעס גופע. די שערנ פונ אוקראַינע זײַנענ אינ אלגעמיינ גאנצ נאָענט צומ סטיל פונ פריילעכסנ. צי איז דאָס אנ אָרטיקע אָדער אנ אלגעמיינ־טיפּישע דערשײַנונג?

לענדער — אפ דעם איז איצט אומעגלעך צו ענטפערן. ביז איצט זײַנען קײנע מוסטערן נישט פארעפנטלעכט און קײנע ידיעות איז ביכלל נאָך נישט אָנגעגעבן צו דער דאָזיקער פראגע (און עס קען אויך זײַן, אז זײ זײַנען נאָך אפילע נישט אופגעזאמלט אויך).

נישט דאָ איז דאָס אָרט ארײַנצולאָזן זיך אין גענויער אויספאָרשונג פון טאנץ „שער“. מיר זעען אָבער, אז מע קאָן שוין עפשער רעדן וועגן א



פעדאָצערס (ארעמ מוישע כאָלאָדענקאָ) קאָמפאניע קלעזמער. בערדיטשעוו, 1888.

האשאָרע, אז אָט דעם טאנץ האָבן ייִדן מיט אסאך יאָרהונדערטער צוריק איבערגענומען אין דײַטשלאנד, און אים אין א גרויסער מאָס אסימילירט (ייִדנפאלס אין דער מוזיקאלישער טײל זיכער פארייִדישט [1]). עס איז אָבער אויך קלאָר, אז ענדגילטיקע און בריטערע אויספירן וועלן מיר קענען מאכן ערשט דעמלט, ווען מיר וועלן האָבן דעם ייִדישן מאטעריאל וועגן דער שער אופגעזאמלט אין א רײ לענדער.

מיר וועלן ברענגען נאָך אײן בײַשפּיל, אשטײגער, אזא טאנץ ווי א „קאזאק“ (קאָזאטשקע), וואָס איז געווען (און איז אויך איצט) זײער פארשפרײט צווישן ייִדן אין אוקראַינע (און אויך אין פוילן) [2]. די אוקראַינישע אָפּשטאמונג פון דעם דאָזיקן טאנץ איז אויסער ספק. ס'איז אָבער אויך אין דעם פאל וויכטיק אויסצוקלאָרן די פארשפרײטקײט פון דעם

[1]) גענויער באהאנדל איך די דאָזיקע פראגע אין אן ארבעט „ייִדישע פאָלקסטענץ“.

[2]) ס'איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז אין דער שײנער ליטעראטור און אויך אין די פאָלקסלידער ווערט די קאָזאטשקע אסאך מאָל דערמאנט, אסאך אָפטער ווי די שער. צי זאָל דאָס

דאָזיקן טאַנץ צווישן ייִדן אויסער אוקראַיִנע (אין פּוילן), און באַזונדערס אינ־טערעסאַנט איז פעסטצושטעלן דאָס אייגנאַרטיקע, וואָס ייִדן האָבן אַרײַנגע־טראָגן אין אָט דעם טאַנץ. וואָס ס'שײַעך דער מוזיק — זײַנען אַזעלכע אייגנ־אַרטיקע מאָמענטן צו באַמערקן.

עס טרעפט אָבער אויך פאַלן, ווען דער נאָמען פון א טאַנץ, וואָס באַ־געגנט זיך בא ייִדן איז ניט קיין ייִדישער, נאָר אַן אוקראַיִנישער און דאָך איז דאָ שווער צו באַשטימען, צי איז דער דאָזיקער טאַנץ איבערגענומענ טאַקע פון דער אוקראַיִנישער סוויווע. אַפ ייִדישע כאַסענעס פלעגן די קלעז־מער שפּילען „סקאָטשנעס". לויטן סטיל און כאַראַקטער זײַנען די סקאָטשנעס קימאַט דאָס זעלבע, וואָס פריילעכסן, און אין דער מעלאָדיק פון די סקאָט־שנעס זיינען ניט פאַראַן קיין ספּעציפישע אַנדערנאַציאָנאַלע שטריכן. אין אוק־ראַיִניש באַגעגענען מיר א טאַנץ מיטן נאָמען Скочні, доскочні, доскочисті [1], אויך אין פּויליש באַגעגענען מיר אַזא טאַנץ Skoczek [2]). דעם זעלבן נאָמען (Skočna) טרעפן מיר אין דעם טשעכישן טאַנץ־רעפּערטואַר [3]). פון דעם, ווי ס'האָבן מיר מיטגעטיילט אַסאַך קלעזמער, איז די „סקאָטשנע" אין דער ייִדישער סוויווע ניט געווען קיין באַזונדער טאַנץ. געוויינלעך פלעג מען אַזוי אָנרופן א פריילעכס (ריכטיקער א מוזיקאַליש ווערק, וואָס איז ענלעך לויט דער פאָרם צו א פריילעכס), וואָס פאַרמאָגט א געוויסע טעכנישע פאַנאַנדעראַרבעטונג. פון דער אוקראַיִנישער אינסטרומענטאַלער פאָלקס־מוזיק וואָלט אַזוינס ניט מעגלעך געווען איבערצונעמען — אוקראַיִנישע פּראָפעסיאָנאַל־געשולטע פאָלקס־מוזיקער איז געווען אָן אַן ערעך ווייניקער ווי ייִדישע.

עס טרעפט אָבער אַמאָל אויך, אַז דער טאַנץ האָט א ייִדישן נאָמען און די מעלאָדיע פון דעם טאַנץ איז איבערגענומען פון אַן אַנדער פאָלק. אַזוי, אַשטייגער, צום קאָשער־טאַנץ פלעג מען אַלעמאָל שפּילן א פּאָלאָנעז. אַסאַך קלעזמער, פון וועלכע מיר האָבן פאַרשריבן דעם דאָזיקן טאַנץ, האָבן אין דעם פאַל געשפּילט אָגינסקיס פּאָפּולערן פּאָלאָנעז: „Les adieux á la patrie".

די צאָל בײַשפּילן וואָלטן מיר געקאָנט אַסאַך פאַרגרעסערן. מיר וואָלטן געקאָנט ווײַזן, אַז ניט נאָר באַם אופדעקן די וואָרצלען פון דעם ייִדישן טאַנץ־רעפּערטואַר שטויסן מיר זיך אָן אַפ אַסאַך שוועריקייטן, נאָר אויך מיט דעם רעפּערטואַר, וואָס איז געשפּילט געוואָרן צום הערן וועט ניט גרינגער זײַן. אונדז דוכט אָבער, אַז די געבראַכטע בײַשפּילן באַווײַזן איבערצײַגנדיק, אַז אַלײן אַפ דעם אָרטיקן מאַטעריאַל וועלן מיר זייער ווייניק קאָנען אופטאָן,

---

ניט זײַן דערפאַר, וואָס די קאָזאַטשקע איז געווען א מענער־טאַנץ (אָבער אויך א פרויען־טאַנץ), וואָס פלעגן געטאַנצט ווערן אַפ דער כאַסענע גופע אין דער אָנוועזנהײַט פון אַלע געסט? די קאָזאַטשקע איז אין גרונט געווען א סאָלאָ־טאַנץ און באַזונדערע מער באַגאַבטע טענצער פלעגן זיך דאָ אויסצייכענען.

[1]) Професіональні нар. співці й музиканти на Україні. Програма для дослiду їх життя, діяльности й побуту. У Києві, з друк. У. А. Н., 1924, стр. 41.

[2]) Felix-Straczewski—Die Polnische Tänze. Sammelbände der Intern. Musikges. 1901, Heft 4, S. 717.

[3]) דאָרטן, ז. 673.

קעדיי אויסצוקלאָרן די היסטאָרישע וואָרצלען פון דער יידישער קלעזמערי־שער פאָלקס־מוזיק.

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אז אין דעם קלעזמערישן רעפּערטואר טרעפן מיר כוץ טענץ אויך מוזיקאַלישע ווערק, וואָס פלעגן אפ כאסענעס געשפּילט ווערן צום הערן. אשטייגער, באזעצנס, דאָברידזען, דאָבראנאָטש, שטיקלעך צום טיש, „זיי געזונט”, אָפּפירן די מעכוטאָנים א. אז. וו. דער



פערעיאסלעווער קלעזמער (1880)

באגאבטער פאָלקס־קינסטלער, דער טאלאנטפולער קלעזמער האָט דאָ אלעמאָל געפונען דעם וועג צום קונסט־געפיל פונעם צוהערער. און מע דארף זאָגן, אז צווישן די שטעטלדיקע קלעזמער האָבן זיך אלעמאָל געפונען רייך־טאלאנ־טירטע פערזענלעכקייטן, עמעסע קינסטלער, וועלכע האָבן מיט זייער קונסט געצירט און געקוויקט די ברייטסטע מאסן. אין דער ליטעראטור האָבן מיר אסאך באשרייבונגען פון אזעלכע פאָלקס־קינסטלער. וועגן זיי פלעג דערציילט ווערן אין פאָלקס־מייסעס און אין לעגענדעס. עס איז גענוג צו דערמאנען זיך מיט וואָסער ליבע פלעג מען רעדן פון אזעלכע פאָלקס־קינסטלער, ווי פעדאָצער (ארן־מוישע כאָלאָדענקאָ), סטעמפעניו (יאָסעלע דרוקער), אלטער טשודנאָווער (אלטער גויזמאן), מיצי (אווראָם־איצכאָק בערעזאָווסקי) א. אז. וו. „זיין פידעלע רעדט”, „זיין פידעלע רעדט ווערטער” — דאָס איז א פאָלקס־אויסדרוק, וואָס גיט איבער די באגייסטערונג פון א גוטן שפּילער.

אָבער ניט בלויז די ייִדישע מאסע האָט אָנערקענט דעם טאַלאַנטירטן קלעזמער. עס זײַנען פאראַן אַסאַך ידיעות וועגן דעם, וויאַזוי ניט־ייִדן זײַנען באַגײַסטערט געווען פון דעם שפּילן פון ייִדישע קלעזמער.

אַזוי, אַשטייגער, דערציילט אונדז י. קאָטיק וועגן איינעם אַ קלעזמער שעפּסל, וואָס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די קאַברינער קלעזמער [אויעזד־שטאָט אין גראָדנער גובערניע, מיט פון 19־טן י. ה.]. קיין נאָטן האָט שעפּסל ניט געקאָנט. ער איז אָבער געווען אַן אויסגעצייכנטער פידלער און האָט געשעמט אין דער גאַנצער געגנט.

„דער שעפּסל, — שרײַבט י. קאָטיק, — איז געווען אַזוי מעפּורסעם, אַז עס האָט דערגרייכט זײַן נאָמען ביז פּאַסקעוויטשן, דעם פּוילישן באַמעסטניק. יענער האָט געשיקט נאָך אים און שעפּסל האָט געשפּילט אַליין מיט זײַן פידל. פּאַסקעוויטש איז איבעראַשט געוואָרן... אַלע אָוונט פלעג ער פאַרבעטן צו זיך די פּאַרנעמסטע געסט און שעפּסל האָט געשפּילט צום מיטעק באַם טיש אַ צוויי־דרײַ שאָ... ער האָט אים געגעבן טויזנט רובל מיט אַ דיפּלאָם, ווו ער האָט געשריבן, אַז שעפּסל האָט אַ געטלעכן מוזיקאַלישן טאַלאַנט, נאָר ער איז ניט געלערנט"... (י. קאָטיק — מײַנע זיכרונות, ב. 1, ז"ז 37—38).

אַן אַנדער פּאַמעשטשיק (סיכאָווסקי, אַליין אַ פּיאַניסט) איז געווען אַנטציקט פון שעפּסלען מיט זײַן שפּילן און ער האָט געזאָגט, אַז זײַן גאַנצן לעבן האָט ער ניט געהערט אַזוי גוט שפּילן, ווי שעפּסלען (דאָרטן, ז. 233).

און ווען אַזאַ קלעזמער האָט צופעליק געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַווײַזן מיט זײַן קונסט פאַר די בעסטע מוזיקער — אויך דעמלט האָט ער אַרויסגערופן באַגײַסטערונג פאַר זײַנע פייִקייטן און פאַר זײַן קונסט. עס איז גענוג צו דערמאָנען דאָ דעם וווּנדערבאַרן טאַלאַנט, דעם קלעזמער מיכאָעל יוסף גוזיקאָוו (1809—1837), וואָס האָט מיט זײַן אייגנאַרטיקער קלעזמערישער פאָלקס־קונסט, אויסגעפירט אויפן צימבל, אַרויסגערופן באַגײַסטערונג און באַוווּנדערונג] אין אַסאַך שטעט פון אייראָפּע, די גרעסטע דעמלט און אָנערקענטע מוזיקאַלישע צענטערן. מיכאָעל־יוסף גוזיקאָוו איז געבוירן אין שקלאָוו (מאָליעווער גובערניע) אין אַ קלעזמערישער פאַמיליע, וואָס האָט זייט הונדערט יאָר אַרויסגעגעבן פון זיך גוטע פלייטיסטן. אויך מיכאָעל־יוסף האָט, ווי זײַן פאָטער, זיידע און עלטער־זיידע, געשפּילט אויף פלייט. פּרי אָבער האָבן זיך באַוויזן בײַ אים סימפּטאָמען פון דער שווערער קרענק (טובערקולאָז) און ער האָט געמוזט וואַרפן די פלייט. ער האָט זיך גענומען שפּילן אויפן צימבל. אַ פּאָר יאָר האָט ער געשפּילט אויפן צימבל. ער האָט פאַר זיך אַליין קאָנסטרויִרט אַ צימבל, וואָס איז באַשטאַנען פון הילצערנע ברעטלעך אויסגעלייגט אויף אַ שטרויענעם אונטערבעט. דער קלאַנג פון אָט דעם צימבל איז געווען זייער אַ שוואַכער, ער האָט אָבער פאַרכאַפּט דעם צוהערער מיט זײַן ווייכן און אײַנגענעמענעם טאָן.

וויאַזוי ער האָט אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אויף קאָנצערטן — וועגן דעם האָבן מיר קיינע ידיעות ניט. עס איז באַוווּסט, אַז אין 1832 איז ער אַרויסגעטראָטן אויף אַ קאָנצערט אין קיִעוו און דאָרט האָט אים געהערט דער דעמלט־

באַרימטער פֿידלער ליפּינסקי. ליפּינסקי איז געווען איבעראַשט פֿון זײַנע שפּילן. נאָך זײַן אַרויסטרעטונג אין אָדעס (דעם זעלבן יאָר) האָט מען אים אײַנגעאָרדנט אַ קאָנצערט־טורנע איבער אייראָפּע (ווין, דײַטשלאַנד, פֿראַנקרײַך). אומעטום האָט ער געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפֿאָלג. פֿון בריוסעל האָט ער זיך געלאָזט פֿאָרן צוריק קיין רוסלאַנד. אָבער צוריק אַהיים איז ער ניט געקומען: אין אַכען איז ער געשטאָרבן אין טעאַטער, בײַסן קאָנצערט, מיטן צימבל אין די הענט.

גוזיקאָוו האָט ניט געקאָנט קיין נאָטן. ער האָט דעריקער געשפּילט פֿון זײַן קלעזמערישן רעפּערטואַר [1]).

דער קאָמפּאָזיטאָר פֿ. מענדעלסאָן־באַרטאָלדי, וואָס האָט צוזאַמען מיטן באַרימטן פֿידלער דאַוויד געהערט גוזיקאָוון אין לײַפּציג, שרײַבט וועגן אים אין אַ בריוו צו זײַן (מענדלסאָנס) מוטער (18־טער פֿעברואַר, 1836) אַזוי:

„איך בין נײַגעריק צו וויסן, צי געפֿעלט אײַך גוזיקאָוו אַזוי ווי מיר. ער איז אַן עמעסער פֿענאָמען, אַן אַנטיק, וואָס שטייט ניט נידעריקער פֿון קיין שום ווירטואָז אין דער וועלט — ניט לויט זײַן אַרט אויספֿירן, ניט לויט זײַן פֿײַפֿקײַט. און דעריבער האָט ער מיך מער דערפֿרייט מיט זײַן [שפּילן אויף דעם] האָלץ־ און שטרוי־אינסטרומענט איידער אַסאַך אַנדערע מיט זייערע פֿאָרטעפּיאַנעס, כאָטש ער [זײַן אינסטרומענט] איז אַן אומדאַנקבאַרער... יעדנפֿאַלס האָב איך שוין אַ לאַנגע צײַט ניט געהאַט אַזויפֿיל פֿאַרגעניגן אויף אַ קאָנצערט, ווי אויף דעם דאָזיקן, ווײַל ער [גוזיקאָוו] איז בעפּיירעש אַן עמעסער געני". [2])

די דאָזיקע אָפּשאַצונג באַציט זיך ניט נאָר צו מיכאָעל־יוסעף גוזיקאָוון, דעם וווּנדערבאַרן צימבלער, וועלכן ס'האָבן געהערט און באַוווּנדערט די בעסטע מוזיקער פֿון זײַן צײַט — די דאָזיקע אָפּשאַצונג באַציט זיך אין אַ גרויסער מאָס אויך צו יענע צענדליקער גוזיקאָווס, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אין די קליינע שטעטלעך און האָבן געפֿריידט און געקוויקט מיט זייער קונסט בלויז די יידישע פֿאָלקס־מאַסן און וועגן וועלכע עס זײַנען אַפֿילע קיינע ידיעס און שפּורן ניט פֿאַרבליבן.

מיר טאָרן אָבער ניט מיינען, אַז זאַמלענדיק ידיעס וועגן קלעזמער מוזן מיר זיך אינטערעסירן בלויז מיט די טאַלאַנטפֿולסטע און אַז די געוויינלעכע קלעזמער פֿאַרדינען ניט אונדזער אויפֿמערקזאַמקײַט. דאָס וואָלט געווען ניט ריכטיק. די באַזונדערס טאַלאַנטפֿולע קלעזמער זײַנען אויסגעוואַקסן אין דער

---

1) וועגן גוזיקאָוון איז פֿאַראַן אַ היפּשע ליטעראַטור. זע אַשטייגער, Schlesinger — Über Gusikow, 1836, ווין; Fetis — Biographie universelle des musiciens. זע אויך די מוזיקאַלישע ווערטערביכער און ענציקלאָפּעדיעס פֿון רימאַן, מענדעל א. א.

2) „Ich bin neugierig, ob Euch Gusikow auch so gefallen hat wie mir. Er ist ein wahres Phänomen, ein Mordskerl, der am Vortrag und Fertigkeit keinem Virtuosen der Welt nachzustehen braucht, und mich deshalb auf seinem Holz- und Strohinstrument mehr ergötzt, als viele auf ihren Pianoforte, eben weils undankbarer ist... Übrigens habe ich mich seit langer Zeit in einem Konzert nicht so unterhalten, wie in diesem, weil er eben ein wahres Genie ist".
Briefe aus den Jahren 1831 — 1847 von Felix Mendelssohn-Bartholdy. ציטירט לויט וואָלפֿס איבערגעדרוקטער אַרבעט „Fahrende Leute bei den Juden". s. 156.

קלעזמער־מאסע, זיי האָבן איינגעזאפט אין זיך דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פון דער קלעזמערישער מוזיק. שטודירנדיק די קלעזמער־מאסע און די קלעז־מערישע מוזיק אינגאנצן גענומען וועלן מיר מעמיילע פולער ארויסהייבן די בעסטע און אינטערעסאנטסטע פאָלקס־קינסטלער און די מוזיקאלישע ווערק.

אויב וועגן די עלטערע יידישע קלעזמער אין די לענדער פון מיירעוו־אייראָפּע איז שוין פאראן א געוויסע ליטעראטור, איז וועגן די יידישע קלעז־



מאקאראָווער קלעזמער (ניינציקער יאָרן־19־טער יאָרה.)

מער אינעם געוועזענעם רוסלאנד (דערין אויך פוילן און ליטע) ביז איצט קימאט ווי גאָרניט באוווסט. שפּאָט ווייניק מאטעריאלן זיינען פאראן וועגן די קלעזמערישע קאָמפּאניעס, וועגן באזונדערע באגאבטע קלעזמער א. ד. גל. עס איז אויך זייער ווייניק אופגעזאמלט געוואָרן די מוזיקאלישע ווערק פונעם קלעזמערישן רעפּערטואר. אין דאָס אלץ איז אין דער צייט, ווען עס איז אין רוסלאנד קימאט ניט געווען קיין איין גרעסער שטעטל, ווו ס'זאָל ניט זיין קיין קלעזמער, און אין אזעלכע שטעט ווי בערדיטשעוו, אשטייגער, איז גע־ווען אין דער צווייטער העלפט 19־טן י. ה. אריבער 50 קלעזמער (דריי גרע־סערע קאָמפּאניעס — פּעדאָצערס, סטעמפּעניוס, מוישע־אבעס און עטלעכע קלענערע). צו דער צווייטער העלפט פאָריקן י. ה. איז אין אוקראינע אליין געווען א פּאָר טויזנט קלעזמער און צווישן זיי ניט איין צענדליק ביז גאָר באגאבטע קינסטלער, סיי אויספירער און סיי קאָמפּאָזיטערן.

שוין א לאַנגע צייט, אז מיר האָבן אָנגעהויבן מער־ווייניק סיסטעמאַטיש צו זאַמלען קלעזמערישע ווערק, פאַרשיידענע יעדיִעס, דאָקומענטן א. ד. גל. וועגן קלעזמער.

בא הײַנטיקן טאָג פאַרמאָגט די פאָלקלאָר־סעקציע פונעם קאַבינעט פאַר ייִדישער ליטעראַטור, שפּראַך און פאָלקלאָר בא דער וויסנשאַפטן־אַקאַדעמיע פון אוסער בא 600 קלעזמערישע ווערק (קאָנצערטן, מאַרשלעך, דאָברידענס, דאָבראַנאָטשס, טענץ א. אז. וו.) אַמיינסטנס פאַרשריבן פון קלעזמער פון אוקראַינע. מיר האָבן אויך צונויפגעזאַמלט יעדיִעס וועגן באַזונדערע קלעזמער און קלעזמערישע קאָמפּאַניעס, פאָטאָגראַפיעס פון באַזונדערע קלעזמער און פון קלעזמערישע קאָמפּאַניעס א. אז. וו. איצט טרעטן מיר צו צוצוגרייטן צום דרוק א גרעסערע אַרבעט וועגן דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער פאָלקס־מוזיק, און פאַרעפנטלעכן די בעסערע מוסטערן פונעם קלעזמערישן רעפּערטואַר. די ביז איצט אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן זײַנען אָבער ניט גענוג פאַר א גרעסערער אַרבעט און מיר נעמען איצט פאַר א מער אינטענסיווע זאַמל־אַרבעט אַפ דעם געביט. עס איז דאָך אָבער קלאָר, אז בלויז די קליינע צאָל מיטאַרבעטער פון אונדזער פאָלקלאָר־סעקציע (אינגאַנצן צוויי מענטשן), וועלן ניט אימשטאַנד זײַן דורכצופירן ווי געהעריק די זאַמל־אַרבעט אַפ דעם געביט (פונקט אַזוי ווי אַפ די אַלע איבעריקע געביטן פון דער ייִדישער פאָלקס־שאַפונג). אָן דער אַקטיווער הילף פון א גרעסערער צאָל קאָרעספּאָנדענטן און ליבהאָבער פון דער ייִדישער פאָלקס־קונסט וועלן מיר מיט אונדזערע באַשיידענע קויכעס זייער ווייניק אופטאָן.

יעדער לערער, יעדער פאַרוואַלטער פון ביבליאָטעק און קלוב, יעדער קולטור־טוער אין שטאָט און אין קאָלווירט, יעדער אַרבעטער און קאָלווירטסניק קאָן דאָ אַסאַך נוצן ברענגען. פאַרשרײַבן דאָס, וואָס איר געדענקט וועגן קלעזמער, וועגן טענץ, וואָס מע פלעגט טאַנצן אַפ ייִדישע כאַסענעס און סימכעס, אויספרעגן עלטערע מענטשן און פאַרשרײַבן זייערע יעדיִעס אַפ דעם געביט, אויספרעגן די אָרטיקע קלעזמער, מיטהעלפן אונדז אויסגעפינען די קלעזמער און זיך פאַרבינדן מיט זיי, קעדיי צו פאַרשרײַבן פון זיי די מוזיקאַלישע ווערק פון זייער רעפּערטואַר — דאָס איז פאַרהעלטנסמעסיק ניט קיין שווערע אַרבעט, וואָס יעדערער קאָן דאָס גרינג אָפּטאָן. פון יעדער באַזונדער מיטיילונג, פון יעדער איינציקער נײַער יעדיִע, וואָס מיר וועלן באַקומען פון א גרעסערער צאָל קאָרעספּאָנדענטן וועלן מיר אָבער אינגאַנצן געוונען באַקומען א גרויסן מאַטעריאַל.

באַזונדערס אַקטיוו קאָנען זיך באַטייליקן אין דער דאָזיקער אַרבעט די שול און די זעלבסטעטיקע קרײַזן (כאָרן, אָרקעסטערס, דראַמקרײַזן א. ד. גל.). אין די עלטערע קלאַסן פון די שולן האָבן מיר געטראָפן אַסאַך קינדער, וואָס ווײַזן אַרויס א גרויסן אינטערעס צו דער פאָלקס־קונסט. אין אַסאַך שולן האָבן זיך געגרינדעט פאָלקלאָר־קרײַזן פון קינדער (אונטער דער אָנפירונג פון א לערער). אַזעלכע קרײַזן האָבן אונדז ביז איצט צוגעשיקט זייער פיל ווערטפולע מאַטעריאַלן, וואָס זיי האָבן געזאַמלט. עס איז ניט שווער, אז אַזא פאָל־

קלאָר־קרייזל זאָל אויסטיילן א באַזונדער גרופּע קינדער, וואָס זאָל אופזאַמלען ידיעות וועגן די אָרטיקע קלעזמער, אויספרעגן און פאַרשרייבן פון דער מוטער, באָבע, א. ד. גל. וועגן דעם טאַנצ־רעפּערטואַר. אַפ יידישע כאַסענעס, אליין טאַקע אויסלערנען די פּאָפּולערסטע טענץ (שער, פריילעכס א. אז. וו.) און באַשרייבן וויאַזוי זיי ווערן געטאַנצט. באַם פאַרשרייבן די מעלאָדיעס פון די טענץ קאָנען דאָ קומען צו הילף די אָרטיקע מוזיקאַלישע טוער, דער קלעזמער אליין, דער לערער פון מוזיק א. ד. גל.



ראַדאָמישלער קלעזמער (נײַנציקער יאָרן 19 יאָרה.)

ס'איז אָבער געוווּנטשן, אַז די ידיעות און מאַטעריאַלן, וואָס ווערן געזאַמלט וועגן די קלעזמער און וועגן דער קלעזמערישער מוזיק, זאָלן זײַן סיסטעמאַטיזירט, זאָלן ווי ווײַט מעגלעך רײַכער און אַלזײַטיקער באַלויכטן די דאָזיקע וויכטיקע און שיינע צווײַג פון דער יידישער פאָלקס־קונסט. צו דעם צוועק ברענגען מיר דאָ א ספּעציעלן פראַגע־בויגן (פּראָגראַם), לויט וועלכן די ידיעות ווערן געזאַמלט. די פּראָגראַם איז אײַנגעטיילט אין פיר קאַפּיטלעך: 1. דער קלעזמער, 2. קאָמפּאַניע קלעזמער, 3. קלעזמערישער רעפּערטואַר און טענץ און 4. מוזיקער־ליבהאָבער.

אין דעם ערשטן קאַפּיטל שטרעבן מיר צו באַקומען די נייטיקע ידיעות וועגן דעם באַזונדערן קלעזמער, אין דער ערשטער ריי וועגן דעם מער טאַלאַנטפולן קלעזמער. ס'איז אָבער וויכטיק אויך צו זאַמלען ידיעות וועגן אייניקע דורכשניטלעכע קלעזמער, קעדיי, אַזויאַרום, קאָנען געבן א ריכטיק בילד וועגן דעם טיפּ מאַסן־קלעזמער. א באַזונדער אופמערקזאַמקייט פאָרדינען די

אלטע קלעזמערישע פאמיליעס. דער זאמלער דארף ווי ווײַט מעגלעך פֿולער באשרײַבן אזעלכע מישפּאָכעס, דערגרונטעווען זיך ביז די עלטסטע פּאָרשטייער פון אזא פאמיליע, און דערפירן די באשרײַבונג ביזן לעצטן דאָר.

דאָס צווייטע קאפּיטל איז געווידמעט דער קלעזמערישער קאָמפּאניע. דאָ איז וויכטיק צו באלויכטן דעם קינסטלערישן ניוואָ פון דער געגעבענער קאָמ־פּאניע. דאָס דאָזיקע איז אָבער באדינגט פון די באזונדערע קלעזמער, וואָס בילדן אויס די קאָמפּאניע. 1—2 באגאבטע קלעזמער גיבן איר צו א גלאַנץ. דאָ דארף מען געדענקען, אז די אײַנטיילונג פון דער פּראָגראַם אין באזונדערע קאפּיטלעך איז באדינגלעך און אלע יעדיִעס פון אלע קאפּיטלעך וועלן ערשט אין דער סומע געבן א ריכטיק און אלזײַטיק בילד וועגן דער טעטיקײַט פון די קלעזמער. מיר האָבן דאָ אויך געשטרעבט אויסצוקלאָרן די צווישנבאַציִונגען פון די קלעזמער אין קאָלעקטיוו (קאָמפּאניע) און זייער אָרט אין דער געזעלשאפט.

אינעם דריטן קאפּיטל האָבן מיר געשטרעבט אויסצוקלאָרן דעם קלעזמע־רישן רעפּערטואר. דאָ איז געווונטשן, אז דער אויספרעגער זאָל זיך באמיִען צו געבן דעם רעפּערטואר היסטאָריש. עס איז ווייניק צו פארשרײַבן וואָס מע האָט געשפּילט, נאָר עס איז נויטיק אופצודעקן דעם אנטוויקלונגס־גאַנג פונעם רעפּערטואר. די קלעזמער פון די 70—90־קער יאָרן געדענקען נאָך ווי מע פלעג שפּילן „טאקסים‟ (א מין פרײַע אימפּראָוויזאציע־פאָרם, וואָס פארמאָגט אסאך גאמעסארטיקע און אנדערע פּאסאזשן, מיט וועלכע עס ווערט באפּוצט די הויפּט־טעמע פונעם ווערק. נאָך אזא אימפּראָוויזאציע גייט אלע מאָל א פריי־לעכס אין 2/4 מאָס). די יינגערע קלעזמער ווייסן שוין אפילו ניט וואָס באטײַט „טאקסים‟. אָנשטאָט דעם טאקסים פלעג פון אָנהויב 20־טן י. ה. אָן אמאָל געשפּילט ווערן די „דאָינע‟, און כוץ דעם פידלער פלעגן אמאָל שפּילן סאָלאָ באַם טיש אויך קלארנעט אָדער פלייט.

באזונדער איז נויטיק צו באשרײַבן די טענץ, וואָס מע פלעג טאנצן אף יידישע כאסענעס, אינ. דער ערשטער ריי איז, פארשטייט זיך, נויטיק צו פארשרײַבן די ספּעציפיש יידישע טענץ ווי, אשטייגער, קאָשער־טאנץ, קאלע־טאנץ, שער, פריילעכס א. אז. וו. אלגעמיינע באקאנטע טענץ, ווי אשטייגער, וואלס, לאנסיע, קאדריל א. אז. וו. איז קעדײַ בלויז אויסצורעכענען אָבער ניט באשרײַבן. אין דער ליטעראטור באגעגענען מיר אמאָל נעמען פון טענץ, וועגן וועלכע מיר האָבן קיינע יעדיִעס ניט געקאָנט קריגן, כאָטש די דאָזיקע טענץ זײַנען נאָך געטאנצט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פאָריקן יאָר־הונדערט. אזוי, אשטייגער, ווערט אין א פאָלקס־ליד (גינזבורג — מארעק נום. 254) דערמאָנט א טאנץ „סעמענע‟:

גענעבן א פּיִמע:ע
צוגענומען:
שפּילט א ס ע'מ ע נ ע
פאר א מומען. (מאָליווער גוב. ווילנע, קאָוונער גוב.)

אין אַן אנדער פאָלקס־ליד ווערט דער דאָזיקער טאנץ אָנגערופן אי „סעמענע‟, אי „סעמעלע‟.

שפּילט מיר א סעמענע
ניט קיין קאָזאַצקע,
איך בין אַן אָרעמע
אָבער א כוואַסטקע.
נאַט אײַך א פּייעמ
שפּילט מיר א סעמעלע,
כאַנעלעס כאָסעלע
רופט מען אוורעמעלע [1].

אביסל מאַטעריאַלן וועגן דעם דאָזיקן טאַנץ איז אָנגעגעבן אין י. ל. קאַהאַנס אַרטיקל „צום אופקום פון ייִדישן טאַנץ־ליד" (ייוואָ־בלעטער, 1931, ב. 1, נום. 1, ז. 30 א. אַז. וו.). דאָרט ווערן דערמאַנט אַלע פאָלקס־לידער, ווו עס באַגעגנט זיך דער טאַנץ סעמענע־סעמעלע. כוץ די ייִדישע מאַטעריאַלן ברענגט קאַהאַן אייניקע דײַטשישע פאָלקס־לידער, ווו מיר טרעפן אַן ענלעכן טאַנץ. דער מאַטעריאַל איז אָבער צו קליין און ער גיט ניט קיינע מעגלעכקייטן צו זאָגן עפּעס באַשטימטס וועגן דעם דאָזיקן טאַנץ. בא דעם מאָמענט קאָן איך אָנרופן נאָך איין ליד, ווו מיר טרעפן דעם דאָזיקן טאַנץ. דאָס איז צונזערס ליד „פון כיידער זאָגט מען ניט אויס", ווו מיר האָבן אזא סטראָפע:

ווײַבערלעך, פּאַטשט! איר האָט נאַכעס דערלעבט,
ביידע מעכעטעניסטעס א שעמעלע טאַנצן [2].

דאָס דאָזיקע ליד האָט פאַר אונדז גראָד א גרויסן ווערט. ערשטנס, קאָנען מיר פון דעם מעשאייער זײַן, אַז דער טאַנץ סעמענע־סעמעלע־שעמעלע איז געווען א סאָלאָ־טאַנץ (ביידע מעכעטעניסטעס), און צווייטנס, אַז אין די 70—80־קער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט איז ער געווען דורכויס באַקאַנט (יעדנפאַלס אין ווילנער געגנט). אינעם פאָלקס־ליד האָט דער נאָמען פונעם טאַנץ געקאָנט בלײַבן אַסאַך שפּעטער פון דעם, ווען דער טאַנץ אַליין איז פאַרגעסן געוואָרן, אָבער צונזער, וואָס האָט זײַנע לידער געזונגען פאַר די כאַסענע־געסט, וואָלט זיכער ניט גענוצט קיין נעמען פון לאַנג־פאַרגעסענע טענץ. פון דעם איז קלאָר, אַז בא געוויסער אָנשטרענגונג קאָן מען נאָך אויסגעפינען יענע לעבעדיקע מענטשן, וואָס האָבן אַליין געטאַנצט דעם דאָזיקן טאַנץ אָדער לעבאַלהאַפּאָכעס געדענקען וויאַזוי מע פלעגט אים טאַנצן. איך בא אַלטע קלעזמער פון די געהעריקע קאַנטן קאָן מען זיך דערוויסן וועגן דעם דאָזיקן טאַנץ און פאַרשרײַבן די מעלאָדיע.

מיסטאָמע איז עס ניט דער אייציקער טאַנץ, וואָס איז פאַרגעסן געוואָרן. ס'איז אָבער קעדײַ אופשטעלן ווי ווײַט מעגלעך אַלץ, וואָס באַציט זיך, זאָל זײַן כאָטש צו דער צווייטער העלפט פונעם 19־טן י. ה., און דאָס איז נאָך ניט אזוי שווער צו דערגרייכן.

ייִדישע קלעזמער פלעגן אָפּטמאָל שפּילן אַף ניט־ייִדישע כאַסענעס, סימכעס, פאַרווײַלונגען א. ד. גל. דאָ איז אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, צי פלעגן

[1]) י. ל. קאַהאַן. נײַע פאָלקס־לידער, נום. 106.

[2]) שירי עם — דרײַ נײַע לידער צום זינגען מיט מעלאָדיען... פון עליאָקום באַדכן פון ווילנע. ווילנע, 1895, ז. 30.

ניט־ייִדן אַמאָל איבערנעמען ייִדישע טענץ. אונדז זײַנען באַוווּסט פֿאַלן, ווען אוקראַיִנישע פּויערים האָבן איבערגענומען ייִדישע פֿריילעכסן און שערן[1]. אויך אין מאָלדאַוויע איז צווישן דער ניט־ייִדישער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג פֿאַרשפּרייט די שער (די מאָלדאַווער רופֿן זי שײַער). צו דער דאָזיקער פֿראַגע איז אָבער נויטיק אויפֿצוזאַמלען אַ גרעסערן מאַטעריאַל, קעדיי עס זאָל קלאָרער זײַן ווי ווײַט ס׳איז פֿאַרשפּרייט געווען די דאָזיקע דערשײַנונג.



ייִסראָעל מוישע ראַבינאָוויטש (אַ פֿידלער)
(1900 — 1807)

אַמאָל פֿלעגן אויף ייִדישע כאַסענעס שפּילן אויך ניט־ייִדישע קלעזמער. אַזוי, אַשטייגער, דערציילט אונדז מענדעלע מויכער־ספֿאָרים, אַז אויף כאַסענעס אין קאַפּוליע (ווײַסרוסלאַנד) פֿלעג אין די וואָכעדיקע טעג שפּילן דער ייִדישער קלעזמער פֿײַטל און קאָנדראַט פֿלעג שפּילן שאַבעס בײַ דער קאַלע אויף דעם פֿאָרשפּיל (שלוימע רעב כאַיִמס). ס׳איז וויכטיק אויסצוקלאָרן בײַ יענע, וואָס געדענקען אַזעלכע כאַסענעס, ווי ניט־ייִדישע קלעזמער האָבן געשפּילט, וועגן דעם רעפּערטואַר, וואָס די ניט־ייִדישע קלעזמער פֿלעגן שפּילן, און באַזונדערס וועגן די ספּעציפֿיש־ייִדישע ווערק פֿון זייער רעפּערטואַר.

ניט־ייִדישע קלעזמער פֿלעגן אַמאָל אויך קומען שפּילן צו די אָרטיקע ייִדישע אײַנוווינער אין פֿאַרשיידענע יאָנטויווים. אויך דאָ איז קעדײַ פֿעסטצושטעלן, וואָסערע זאַכן פֿלעגן די דאָזיקע קלעזמער שפּילן אין אַזוינע פֿאַלן.

ס׳איז איבעריק צו דערמאָנען וועגן דער וויכטיקײַט צונויפֿצוזאַמלען פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער פֿון באַזונדערע טאַלאַנטירטע קלעזמער און פֿון קלעזמערישע קאָמפּאַניעס, אַלטע נאָטן פֿון קלעזמערישע ווערק א. ד. גל.

אין די זאַמלונגען פֿון ייִדישע שפּריכווערטער, וואָס זײַנען ביז איצט פֿאַרעפֿנטלעכט (בערנשטיין, באַסטאָמסקי א. א.) טרעפֿן מיר אַ געוויסע צאָל שפּריכווערטער וועגן קלעזמער און קלעזמערישן שטייגער. די צאָל פֿון די דאָזיקע שפּריכווערטער איז אָבער זייער קליין (סאַכאַקל בײַ אַ 12—15 נומערן). מע דאַרף רעכענען, אַז מע קאָן נאָך אויך איצטער פֿאַרצייכענען נײַע, ביז איצט ניט באַקאַנטע שפּריכווערטער אויף דער דאָזיקער טעמע. ס׳וואָלט בעפֿיירעש קעדײַ געווען זיך נאָכפֿרעגן אויף דעם, ווײַל אָפֿטמאָל גיבן אָט די קורצע אָבער

[1]) זע וועגן דעם מײַן אויבנדערמאָנטע אַרבעט אינעם זשורנאַל „ראַדיאַנסקאַיאַ מוזיקאַ“, נום. 5.

טרעפלעכע אויסדרוקן אינטערעסאנטע שטריכן פונעם קלעזמער, פון דעם קלעזמערישן לעבן־שטייגער[1].

באַם צונויפשטעלן די דאָזיקע פּראָגראַם האָב איך זיך אין גרונט באַנוצט מיט די מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין אונדזער סעקציע. אונדזערע יעדיעס און מאַטעריאַלן זיינען געזאַמלט דעריקער פון קלעזמער פון אוקראַינע. מיר האָבן אָבער דאָ אין אַ געוויסער מאָס אויסגענוצט אויך יענע געדרוקטע קוועלן, וואָס האָבן ניט קיין דירעקטע שייַכות צו אוקראַינע.

מיר ווילן האָפן, אַז די דאָזיקע אַרבעט וועט פאַרינטערעסירן אויך די כאַווירים פון אַנדערע רעפּובליקן באַ אונדז אין סאָוועט־פאַרבאַנד און באַזונדערס אין דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט. דאָרט קאָן אויף דעם געביט (פונקט אַזוי ווי באַם צונויפזאַמלען אַנדערע פאָלקלאָר־מאַטעריאַלן) אָפּגעטון ווערן זייער און זייער פיל. דער זאַמלער וועט אין דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט טרעפן אין אַסאַך ערטער, שטעט, יישווים איינגעוואַנדערטע פון אַלע רעפּובליקן פון אונדזער פאַרבאַנד און אויך איינגעוואַנדערטע פון אויסלאַנד. מיט אַזאַ אַרבעט וואָלט קעדיי געווען, אַז מע זאָל זיך פאַרינטערעסירן אין אויסלאַנד (פּוילן, ליטע, רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיע, גאַליציע א. אַז. וו.). זייער פיל קאָן מען אויף דעם געביט אופּטאָן אין אַמעריקע, וווּ עס זיינען פאַראַן איינגעוואַנדערטע פון אַסאַך לענדער פון מיירעוו־אייראָפּע.

אונדזער פּראָגראַם באַשטייט פון בערעך אַ 100 פראַגן. מע דאַרף זיך אָבער ניט באַגיין מיט דער דאָזיקער פּראָגראַם ווי מיט אַ געוויינלעכן אַנקעטע־בויגן, ווו עס איז גענוג צו ענטפערן „יאָ” אָדער „ניין”. די אויפגאַבע פונעם זאַמלער איז וואָס מער יעדיעס אַרויסצוקריגן פונעם אויסגעפרעגטן און קורץ, אָבער קלאָר זיי פאַרשרייבן. אונדזערע פראַגעס דאַרפן זיין ניט מער ווי אָנשפּאַר־פונקטן פאַר דעם זאַמלער און זיי דאַרפן אים דערמאָנען אויף וואָס צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט באַם אויספרעגן עמעצן.

אין דער פּראָגראַם זיינען פאַראַן אַזעלכע פראַגעס, וואָס זיינען געווענדעט צום פאַכמאַן־מוזיקער. אויב דער זאַמלער האָט ניט די געהעריקע מוזיקאַלישע צוגרייטונג, איז געווונטשן, אַז ער זאָל זיי איבערלייענען צוזאַמען מיט דעם מוזיקער, וועלכן ער פרעגט אויס און פאַרשרייבן די ענטפערן, וואָס יענער גיט אים איבער. ס'איז קלאָר, אַז אַמבעסטן וועט זיין, ווען אַליין דער מוזיקער וועט ענטפערן אויף די דאָזיקע פראַגעס.

---

[1]) אָט זיינען, אַשטייגער, אייניקע שפּריכווערטער וועגן קלעזמער:

1. וואָס פאַר אַ קלעזמער אַזאַ כאַסענע.
2. אַז מע שפּילט ספּירע קומט אויף די קלעזמער אַ פּגירע.
3. נויסען בעצימבל הוילעך בעטענצל.
4. אַז צווייַ קאַפּצאָנעם גייען טאַנצן — צערייסן זיך באַ די קלעזמער די סטרונעס (ווייל זיי, וועלן ניט האָבן צו באַצאָלן, זוכן די קלעזמער אויס אַלערליי טערוצים).
5. אַ לעוויע אָן געוויין, איז ווי אַ כאַסענע אָן קלעזמער.
6. אַ באַדכן מאַכט די גאַנצע שטוב פריילעך און אַליין האָט ער אינדערהיים צאָרעס (אָדער: און אַליין ליגט ער אין דער ערד).
7. דריי מענטשן אויף דער וועלט זינגען פאַר צאָרעס: אַ כאַזן, אַ בעטלער און אַ מאַרשעליק.

באזונדער האָבן מיר געפינען פאַר נויטיק אין דער פּראָגראַם אויסטיילן א קאפּיטעלע וועגן מוזיקער־ליבהאָבער. קלעזמער זיינען געווען די פּראָפעסיאָנאלן־מוזיקער, וואָס פלעגן אמיינסטנס שפּילן בלויז אפ כאַסענעס, זעלטענער בא אנדערע געלעגנהייטן. בא די ברייטע יידישע מאסן איז אָבער געווען א שטאַרקער דראַנג צו מוזיק, עס האָט זיך געוואָלט אָפטער הער'ן מוזיק און אליין טאקע מוזיצירן אויך. מוזיקער־ליבהאָבער, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט שפּילן אפ אן אינסטרומענט ניט קעדיי צו ווערן פּראָפעסיאָנעלע קלעזמער, נאָר מאכמעס אינטערעס צום שפּילן, צו מוזיק ביכלאַל — אזעלכע ליבהאָבער זיינען געווען א גאַנץ אָפטע דערשיינונג אינעם יידישן שטייגער.

„ווילט איר וויסן, וויפל מאנסליים עס געהערט צון א שטוב? קוקט אפ די ווענט! וויפל עס הענגען פידעלעך, אזויפיל מאנסליים!“ (פּערעץ — א גילגל פון א ניגון).

ס'איז קעדיי אופזאמלען א געוויסן מאטעריאל, וואָס באלויכט בענויער די דאָזיקע דערשיינונג. דאָ איז וויכטיק אויסצוקלאָרן, ווי גרויס איז געווען די צאָל ליבהאָבער־מוזיקער אין די שטעטלעך, דערפער און



וואָלף משערניאַוסקי (1841 — 1930) פידלער, יאָסעלע דרוקערס (סטעמפּעניוס) אן איידעם. האָט אָנגעפירט מיט סטעמפּעניוס אָרקעסטער.

אנדערע יישוווים, אפ וואָסערע אינסטרומענטן האָבן זיי געוויינלעך געשפּילט, פון וואָסערע ווערק איז באשטאַנען זייער רעפּערטואַר, בא ווען האָבן זיי זיך אויסגעלערנט שפּילן, צי פלעגן זיי שפּילן פון נאָטן אָדער לויטן געהער, וואָסערע סאָציאַלע שיכטן און גרופּעס האָבן אָפטער זיך געלערנט שפּילן א. אז. וו.

מע דאַרף געדענקען, אז בעסער איז באאַרבעטן גרונטלעך איין טייל פון דער פּראָגראַם און פאַרשרייבן אלץ, וואָס איז שייעך צו דער דאָזיקער טייל, איידער אויבערפלעכלעך ענטפערן אפ אלע פראַגעס.

די קלענסטע אַרבעט, וואָס יעדער איינציקער זאמלער טוט אָפּ אפ דעם געביט וועט פאַר אונדז האָבן א גרויסן ווערט. די סומע פון אזעלכע קלענערע זאמלונגען, וואָס באקומט זיך אין רעזולטאַט פון דער אַרבעט פון א גרעסערער צאָל זאמלער איז א באדייטנדיקע. פאַר דער געשיכטע פון דער פאָלקסקונסט און פאַר דער וויסנשאַפט און מעמיילע אויך פאַר די ברייטסטע מאסן וועט דאָס זיין נוצלעך.

---

# פּראָגראַם

## 1. דער קלעזמער

1. פאַמיליע, נאָמען.
2. עלטער.
3. וווינאָרט (איצט).
4. ווו געוווינט (פריער).
5. אויף וואָסער אינסטרומענט שפּילט איר (האָט געשפּילט).
6. ווי לאַנג פאַרנעמט איר זיך מיט מוזיק?
7. צי זיינען אייערע עלטערן אָדער קרובֿים (פאָטער, זיידע, ברידער א. אַז. וו.) געווען קלעזמער. אויב יאָ — פאַרשרייבט גענויערע ידיעות וועגן זיי.
8. בײַ וועמען און צו וויפל יאָר האָט איר זיך אָנגעהויבן לערנען שפּילן?
9. וויאַזוי האָט איר זיך געלערנט:

   א) סיסטעמאַטיש, לויט אַ שול (פון געדרוקטע נאָטן — אַוועטער?) אָדער פון געשריבענע „לעקציעס"? צי האָט איר געשפּילט ספּעציעלע געניטונגען, עטיודן, פּיעסעס, קאָנצערטן א. ד. גל. רופט אָן אייניקע פון זיי.

   ב) זיך אויסגעלערנט שפּילן פון זיך אַליין, פונעם פאָטער, ברודער כאַווער א. אַז. וו., לויטן געהער.
10. ווו האָט איר געקראָגן אַן אינסטרומענט ווען איר האָט זיך אָנגעהויבן לערנען שפּילן? צי האָט מען אין די שטעטלעך פאַרקויפט אינסטרומענטן? ווער? וואָסערע?
11. ווען האָט איר אָנגעהויבן שפּילן מיט אַ קאָמפּאַניע? אַלס פּראַקטיקאַנט אָדער פאַר געצאָלטס?
12. צי איז מוזיק געווען אייער גרונט- אָדער בײַ-פּראָפעסיע? מיט וואָס האָט איר זיך באַשעפטיקט כוץ מוזיק?
13. וואָס פאַר אַ כיילעק פלעגט איר באַקומען אין דער קאָמפּאַניע? אויב איר זיינט געווען אויף סכירעס — וויפל פלעגט איר באַקומען פאַר אַ סעזאָן (זמאַן) אָדער פאַר אַ יאָר?
14. צי האָט איר אַליין געשאַפן אייגענע זאַכן (קאָנצערטן, טענץ א. אַז. וו.)?
15. פון וועמען פלעגט איר אויסלערנען (אָדער איבערשרייבן די נאָטן) אייער רעפּערטואַר? ווי אָפט פלעגט איר אויסלערנען (אָדער אייַנפירן) נייַע ווערק?
16. צי האָט איר געגעבן לעקציעס אויף אייער אינסטרומענט?

17. ווער פלעגט זיך בא אײַך לערנען שפּילן?
18. צי האָט איר געוווּסט דעם קלעזמער־לאָשן?
19. צי פֿאַרנעמען זיך אײַערע קינדער מיט מוזיק?

## 2. קאָמפּאַניע קלעזמער

1. וויאַזוי פלעגט מען בא אײַך זאָגן: קאָמפּאַניע, קאַפּעליע, אָרקעסטער, קלעז־מער א. אז. וו.?
2. וויפל קאָמפּאַניעס זײַנען געווען אין אײַער שטאָט, שטעטל, יישעוו? פון וויפל קלעזמער איז באַשטאַנען די קאָמפּאַניע? וואָסערע אינסטרו־מענטן?
3. וויאַזוי האָט זיך געשאַפֿן אײַער קאָמפּאַניע קלעזמער? פון ווען אָן האָט זי עקזיסטירט?
4. ראַיאָן, וווּ די דאָזיקע קאָמפּאַניע פלעג געוויינלעך שפּילן.
5. צי פלעג טרעפן פֿאַלן, ווען א קאָמפּאַניע קלעזמער האָט אָנגענומען כאַסע־נעס ניט אין איר ראַיאָן?
6. וויאַזוי פלעגט אָפּ דעם רעאַגירן די קאָמפּאַניע, וואָס האָט געוויינלעך גע־שפּילט (געהאַט כאַזאָקע) אין דעם ראַיאָן?
7. צי פלעג די אָנגעקומענע קאָמפּאַניע קלעזמער געבן אָפּטרעט־געלט (אָדער כיילעק) דער אָרטיקער?
8. צי איז מעגלעך געווען, אז אין א שטעטל, וווּ עס איז פֿאַראַן א שטענ־דיקע קאָמפּאַניע קלעזמער, זאָל זיך אָרגאַניזירן א צווייטע קאָמ־פּאַניע?
9. צי האָט די קאָמפּאַניע קלעזמער געדאַרפט האָבן פון עמעצן א דערלויבעניש צו שפּילן (פון קאָהאָל, פונעם ראָוו, פּאָליציַע א. ד. גל.)?
10. ווער פלעג באַשטימען די פּראַגע וועגן אָנעמען נײַע קלעזמער אין א קאָמפּאַניע?
11. צי פלעג מען אויספּרוּוון יונגע קלעזמער, וואָס קומען אָן אין דער קאָמ־פּאַניע? וואָס פלעג מען שפּילן אַפּ פּראָבע?
12. צי האָט א יונגער קלעזמער, וואָס קומט אָן אין קאָמפּאַניע געדאַרפט מע־כאַבעד זײַן די קלעזמער?
13. צי פלעג דער נײַאָנגענומענער גלײַך אָנהייבן באַקומען געצאָלטס, אָדער ער פלעג א צײַט פּראַקטיקירן אָן געלט? ווי לאַנג?
14. צי פלעגן קינדער שפּילן אַפּ כאַסענעס אין דער קאָמפּאַניע?
15. צי פלעגן ניט־קלעזמער אָפּגעבן זייערע קינדער אין קלעזמערישע קאָמ־פּאַניעס?
16. וויאַזוי פלעגן די אײַנטיילנעמער פון דער קאָמפּאַניע באַלוינט ווערן, לויט כאַלאָקים אָדער דורך געצאָלטס? ווי גרויס איז געווען דער כיילעק פון יעדער קלעזמער, אויב דורך געצאָלטס — וויפל פלעג א קלעזמער בא־קומען (פֿאַרן זמאַן, כוידעש)?

17. צום טיש פֿלעג געווײַנלעך שפּילן דער ערשטער פֿידלער. צי האָבן אַנדערע קלעזמער (קלאַרנעטער, פֿלייטיסט), אויך געשפּילט אַמאָל סאָלאָ?

18. וואָסערע אינסטרומענטן פֿלעגן אַקאָמפּאַנירן דעם סאָליסט?

19. ווי אַזוי שטעלט מען אָן דעם פֿידל כּוץ דער געווײַנלעכער לאַגע בײַ פֿאַר־שיידענע קאָנצערטן, וואָס פֿלעגן געשפּילט ווערן?

20. צי פֿלעגן קלעזמער (דער פֿידלער א. אַנד.) אַמאָל באַנוצן געוויסע קונצ־שטיק באַם שפּילן (האַלטן די פֿידל אויפֿן רוקן, מיט די סטרונעס אַראָפּ א. ד. גל.)?

21. צי געדענקט איר, אַז אַמאָל פֿלעג שפּילן אַ צימבל אין דער קאָמפּאַניע?

22. ווען די קלעזמער האָבן געשפּילט אין גאַס (צו דער כופּע, אָפּפֿירן די מחותּנים א. ד. גל.), צי האָט געשפּילט אויך דער קאָנטראַבאַס?

23. צי פֿלעג דער ערשטער פֿידלער זיצן צוזאַמען מיט אַלע קלעזמער, אָדער ער פֿלעג שפּילן שטייענדיק?

24. צי פֿלעג דער ערשטער פֿידלער שפּילן טענץ?

25. ווי און אין וואָסער אָרדענונג פֿלעג זיך אויסזעצן דער אָרקעסטער בײַסן שפּילן אויף דער חתונה: א) בײַסן טאַנצן, ב) ווען מע פֿלעגט שפּילן צום טיש?

26. אין וואָסער אָרדענונג פֿלעג דער אָרקעסטער גיין אין גאַס?

27. צי פֿלעגן די קלעזמער קומען אויף דער חתונה אין די וואָכעדיקע קליי־דער, אָדער זיי פֿלעגן זיך איבערטאָן?

28. צי פֿלעג מען די קלעזמער מכבּד זײַן ביז דער וועטשערע?

29. ווען פֿלעגן די קלעזמער עסן די וועטשערע, נאָך דעם ווי די געסט האָבן אָפּגעגעסן? ווער האָט זיי דערלאַנגט? צי פֿלעג מען זיי געבן די זעלבע מיכאָלים וואָס די געסט, אָדער פֿון דעם, וואָס ס'איז געבליבן?

30. צי איז אין אײַער קאָמפּאַניע געווען אַ באַזונדער באַדכן, אָדער עמעצער פֿון דער קאָמפּאַניע פֿלעג אויסשפּילן די פֿליכטן פֿונעם באַדכן (גראַם זאָגן, אויסרופֿן דראָשע־געשאַנק, וויוועדן א. ד. גל.)?

31. אויב דער באַדכן האָט ניט געשפּילט, צי פֿלעג ער זיצן צווישן די געסט?

32. צי פֿלעג מען צאָלן באַזונדער פֿאַר יעדן טאַנץ אָדער פֿאַר דער גאַנצער חתונה? ווער פֿון די קלעזמער פֿלעגן צונויפֿנעמען דאָס געלט פֿאַר די טענץ? צי איז געווען אַ ספּעציעל קעסטל פֿאַרן געלט (אָדער אַ פּוט־ליאַר פֿון אַ פֿידל)? ווער פֿלעג קאָנטראָלירן די סומע?

33. ווען אַ מוזיקאַליש ווערק פֿלעג באַזונדער געפֿעלן, ווי אַזוי פֿלעגן די צו־הערער דאָס אויסדרוקן?

34. צי פֿלעג טרעפֿן פֿאַלן, ווען דער גאַסט (מחותּן) איז געבליבן אומצופֿרידן מיט דעם מוזיקאַלישן ווערק, וואָס מע האָט פֿאַר אים געשפּילט? ווי אַזוי פֿלעג ער אויסדריקן זײַן אומצופֿרידנקייט?

35. צי פֿלעג מען אויף חתונעס צוזינגען בײַס די קלעזמער האָבן געשפּילט?

36. צי פֿלעגן די קלעזמער אַליין אַמאָל צוזינגען באַם שפּילן (אוי, אַ שיינע קאַלע, אַ גוטע נאַכט, מאַזל טאָוו, עס טאָגט שוין א. ד. גל.). צי געדענקט איר נישט די ווערטער פֿון אָט די (און ענלעכע) זאַכן?
37. ווי אָפֿט פֿלעגן פּאַרקומען רעפּעטיציעס?
38. ווער פֿלעג געבן אָנווייזונגען אויף די רעפּעטיציעס?
39. צי פֿלעג מען טענץ אויסלערנען פֿון נאָטן, אָדער לויטן געהער? ווער פֿלעג אָנווייזן דעם באַס, סעקונדירער א. אנד. וואָסערע קלאַנגען אָדער אַקאָרדן צו נעמען?
40. צי פֿלעג מען גרעסערע ווערק שפּילן פֿון די נאָטן אָדער אויך לויטן געהער?
41. צי פֿלעגט אייער קאָמפּאַניע שפּילן אויף נעגידישע כאַסענעס? צי פֿלעג מען פֿאַרגרעסערן די צאָל קלעזמער אויף אַזעלכע כאַסענעס? וואָסערע אינסטרומענטן פֿלעג מען צוגעבן?
42. וויפֿל קלעזמער פֿלעגן געוויינלעך שפּילן אויף אַן אָרעמער כאַסענע?
43. צי איז געווען אַן אונטערשייד אינעם רעפּערטואַר אויף כאַסענעס פֿון פֿאַרשיידענע שטאַנדן?
44. ווי איז געווען די באַציִונג צו קלעזמער פֿון פֿאַרשיידענע שיכטן?
45. צי פֿלעגט אייער קאָמפּאַניע שפּילן אויף נישט ייִדישע כאַסענעס און סימכעס:
א) אויף פּויערישע כאַסענעס,
ב) אויף פּריצישע און אנד. בעלער, סימכעס א. ד. גל.
46. וויאַזוי פֿלעגן באַצאָלט ווערן די קלעזמער אויף נישט ייִדישע כאַסענעס, סימכעס א. ד. גל.: פֿאַרן אָוונט, פֿאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס זיי האָבן געשפּילט אָדער פֿאַר יעדן טאַנץ?
47. וואָסערע טענץ (און אַנדערע מוזיקאַלישע שטיק) פֿלעגן די קלעזמער שפּילן אויף פּויערישע כאַסענעס (ווי מעגלעך גענויער אויסרעכענען די טענץ און אַנדערע ווערק).
48. וואָסערע זאַכן פֿלעגן די קלעזמער שפּילן אויף פּריצישע א. אנד. בעלער, סימכעס א. ד. גל.?
49. צי פֿלעגן די קלעזמער שפּילן אַמאָל אויך ייִדישע טענץ אָדער אַנדערע ייִדישע זאַכן אויף נישט־ייִדישע כאַסענעס? וואָסערע טענץ?
50. צי פֿלעגן די פּריצים הייסן אַמאָל שפּילן ייִדישע שטיקלעך, טענץ א. ד. גל.?
51. אויב יאָ, צי פֿלעגן זיי זיך צו אַזעלכע זאַכן באַציִען ערנסט, מיט אינטערעס אָדער איראָניש, צום אָפּלאַכן?
52. צי פֿלעגן נישט ייִדן קומען הערן קלעזמער אויף ייִדישע כאַסענעס (אונטער די פֿענצטער)?
53. וויאַזוי האָבן נישט־ייִדן (אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע, מאָלדאַווישע, פּוילישע א. א. פּויערים, מעשטשאַנעס א. א.) אויפֿגענומען ייִדישע מוזיק, טענץ א. ד. גל. פּאָזיטיוו, ערנסט, מיט אינטערעס אָדער מיט איראָניע?

54. צי האָבן ניט יידישע מוזיקאנטן געשפּילט אַמאָל אין אייער קאָמפּאניע? צי האָט איר געהערט וועגן אזעלכס אין אנדערע קאָמפּאניעס? אויב וואָסערע אינסטרומענטן האָבן געוויינלעך געשפּילט אזעלכע מוזיקאנטן?

55. צי פלעגן ניט יידישע קלעזמער שפּילן שאבעס אויפן „פאָרשפּיל“?

56. ווער פלעג שפּילן אויף כאסענעס בא די קלעזמער גופא?

57. צי פלעגן די קלעזמער ארומגיין פורים און כאנעקע שפּילן אין פארמעגלעכע הייזער?

58. צי פלעגן קלעזמער אמאָל באגלייטן דעם געזאנג פון די פורים-שפּילער?

59. צי פלעגן קלעזמער שפּילן בא זיך אינדערהיים פאר דער פאמיליע, געסט א. ד. גל.? אין וואָסערע פאלן? וואָס פלעגן זיי שפּילן אין אזוינע פאלן?

60. צי פלעג טרעפן, אז א קלעזמער איז געווען איינגעלאדן צו גאסט צו באקענטע און ער זאָל דאָרט שפּילן (אָן געצאָלטס)?

61. וויאזוי פלעגן די קלעזמער אָנרופן די אינסטרומענטן און באזונדערע טיילן פון די אינסטרומענטן?

62. צי האָבן אלע קלעזמער געוווסט דעם קלעזמער-לאָשן?

63. צי פלעג מען באזונדערע קלעזמער רופן מיט א צונאָמען לויטן אינסטרומענט, אויב וועלכן ער האָט געשפּילט (אשטייגער — בענצי קלינעטער, שייע באס א. אז. וו.) אָדער צו אלעמענס נאָמען פלעג מען צוגעבן בלויז דאָס וואָרט „קלעזמער“?

64. צי זיינען געווען אמאָל אין די שטעטלעך באלמעלאָכעס, וואָס האָבן פּראָדוצירט מוזיקאלישע אינסטרומענטן (פידלען, טשעלאָ), סטרונעס א. ד. גל. אָדער די קלעזמער און מוזיקער-ליבהאָבער פלעגן אלעמאָל קויפן פארטיקע אינסטרומענטן און מאכשירים?

65. צי ווייסט איר ניט וואָסערע איז מייסעס, לעגענדעס, אנעקדאָטן, וויצן, לידער א. ד. גל. וועגן קלעזמער? אויב יאָ, פארשרייבט עטלעכע פון זיי.

## 3. קלעזמערישער רעפּערטואר און טענץ

1. מיט וואָס פאר א זאך פלעגן די קלעזמער אָנהויבן די כאסענע (מאזלטאָוו, דאָבראנאָטש)?

2. מיט וואָס פאר א טאנץ פלעג זיך אָנהייבן דער פאָרשפּיל און וויאזוי איז די מעלאָדיע פון דעם טאנץ? וואָסערע טענץ פלעג מען ביכלאל טאנצן אויפן פאָרשפּיל?

3. וואָס פאר א טאנץ פלעג מען טאנצן מיט דער קאלע פארן באדעקנס?

4. וואָס האָבן די קלעזמער געשפּילט צו באזעצן די קאלע? צי געדענקט איר די גראם?

5. וויאזוי פלעג מען מאכן אַ וואַרע?
6. וואָס פלעג מען שפּילן בייסן פירן צו דער כּופּע דעם כּלה? די קאַלע? פון דער כופּע?
7. וואָסערע שטיקלעך פלעג מען שפּילן צום טיש?
8. וואָסערע וויוועדן געדענקט איר?
9. וויאזוי פלעג פּאַרקומען דער מיצווה־טאַנץ, אָדער קאָשער־טאַנץ, און וויאזוי איז די מעלאָדיע? צי פלעג מען אַלעמאָל שפּילן איין און די זעלבע מעלאָדיע בא אָט דעם טאַנץ, אָדער מע פלעג שפּילן פאַרשיידענע מעלאָדיעס?
10. וואָסערע קאָלעקטיווע פיגורן־טענץ פלעג מען טאַנצן?
11. וויאזוי טאַנצט מען א שער, א בארייגעז, א בייגעלע א. אנד.?
12. וויאזוי האָט מען געטאַנצט דער קאַלעס גילדערנעם טאַנץ און וויאזוי איז די מעלאָדיע?
13. אין פאַרשיידענע ערטער רופט מען אָן דעם פריילעכס מיט פאַרשיידענע נעמען: פריילעכס, האָפּקע, סקאָטשנע, קאַראַהאָד, רעדל, דריידל, א קײַלעכיקס, א ריקודל א. אנד. וויאזוי פלעג מען בא אײַך זאָגן?
14. צי האָט מען א פריילעכס געטאַנצט בלויז אין א ראָד אָדער עס זײַנען געווען פאַרשיידענע אַנדערע פיגורן (א שלענגל א. אנד.)?
15. צי פלעג באַם פריילעכס גיין א ראָד אין א ראָד? צי פלעגן אין דער ראָד אַרײַנגיין אמאָל פאַרשיידענע באַזונדערע טענצער, פּאָרלעך א. אנד.?
16. אין ראָד פלעג מען טאַנצן: 1) האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, 2) אַרופלייגנדיק איינער דעם אַנדערן די הענט אַף די אַקסלען. וויאזוי נאָך?
17. צי פלעגן א פריילעכס טאַנצן מענער מיט פרויען צוזאַמען, אָדער באַזונדער מענער און באַזונדער פרויען?
18. צי ווייסט איר ניט וואָס איז דאָס פאַר א טאַנץ „סעמענע" אָדער „שער־מעלע"? וויאזוי פלעג מען אים טאַנצן און וויאזוי איז די מעלאָדיע פון אָט דעם טאַנץ?

## 4. מוזיקער־ליבהאָבער

1. צי זײַנען געווען אין אײַער שטעטל (אָדער איר ווייסט אין אַנדערע שטעטלעך, דערפער א. ד. גל.) מוזיקער־ליבהאָבער, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט שפּילן אַף אַן אינסטרומענט און זײַנען ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע קלעזמער?
2. אַף וואָסערע אינסטרומענטן פלעגן געוויינלעך שפּילן אַזעלכע ליבהאָבער?
3. ווער זײַנען זיי געווען לויט דער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג?
4. צי האָבן זיי זיך געלערנט שפּילן בא אָרטיקן קלעזמער אָדער פון זיך לויט נאָטן אָדער לויטן געהער?

5. פונ וואָסערע ווערק איז באשטאנענ דער רעפּערטואר פונ אזעלכע ליבהאָ־
בער (פריילעכסנ, זמירעס, אָפּערעטנ־שטיק, טענצ א. אנד.)?

6. בא וואָסערע געלעגנהייטנ פלעג שפּילנ א ליבהאָבער (מלאווע־מאלקע, סימכע א. אנד.)?

7. צי פלעג אמאָל אזא ליבהאָבער שפּילנ אפ כאסענעס מיט די קלעזמער? פאר געלט אָדער אומזיסט?

8. צי פלעגנ זיכ צונויפקלייבנ עטלעכע ליבהאָבער אונ שפּילנ צוזאמענ? וואָסערע ווערק פלעגנ זיי שפּילנ?

---

